# ראזשינקעס מיט מאנדלען

מעשהלעך פאר אידישע קינדער

## יהודה שטיינבערג

1. צוויי באנערען. — 2. די נים פאראנטפערטע קשיות. — 3. לא תחמוד. — 4. א רוגז

4

איבערזעצט פון ס. שאפירא

מאקס נ. מייזעל
אידישער פערלאג פאר ליטעראטור און וויסענשאפט
1918.

# א רוגז.

דער ערב פסח האָט דוד'ן אויסגעזעהן זעהר לאַנג, לאַנג אָהן אַ סוף. אַ גרויסער טייל פון טאָג, האָט זיך איהם אויסגעדאַכט, איז אין גאַנצען איבעריג. איהם דאַכט זיך, אַז גלייבער וואָלט געווען, ווען באַלד נאָך בעור חמץ זאָל די זון אונטערגעהן און מען זאָל אָנהויבען עסען מצה.

— די זון קריכט היינט אַזוי פּויל, די ווייזערס פון זייגער דרעמלען.

די מענשען אין הויז זענען שטאַרק פאַרנומען. עס זעהט אויס, אַז זיי טוען אַלץ אין איילעניש, אָבער אויך זיי זענען פויל. זיי וועלען שוין היינט גאָר ניט ענדיגען זייער אַרבייט.

ווי לאַנג און לאַנגוויילינ דער טאָג איז!

געהט דוד אַריין אין קיך, זעהן ווי שרה, די אַלטע דינסט, רייבט כריין און גרייט צו אַלערליי מאכלים, שרייט זי באַלד אויף איהם.

— אָנשיקעניש! וואו מען זייעט איהם ניט, געהט ער אויף!

געהט ער אַרויס פון דאָרט, געהט אַוועק ווייט גענוג, שרה זאָל איהם ניט קענען הערען און שרייט:

— וואָראָנע! בייזע שלאַנג!

איהר אין די אויגען האָט ער מורא אַזוי צו רעדען, זי זאָל אויף איהם ניט דערצעהלען און די קינדער זאָלען איהם ניט רופען „עזות פנים". שרה איז דאָך אַן עלטערע פרוי.

עס איז איהם אומעטיג. וואָס זאָל ער טון קירצער צו מאַכען דעם טאָג?

ער איז אַרוים אין הויף און געטראָפֿען דעם הונט, וועלכער איז איהם אַקעגען געשפּרונגען און געלעקט זיי-נע הענט.

— אַוועק — האָט ער אויף איהם אָנגעהויבען שרייען און קלאַפּען איבער דער מאָרדע. — אַ נאַרישער הונט, אַ פרעסער ביזטו. האָסט היינט, שוין נאָך האַלבען טאָג, געפרעסען חמץ ווי אַ גוי!

האָט זיך דער הונט אַוועקגעזעצט אויף זיינע אונ-טערשטע פיס, אָנגעשטעלט דעם קאָפּ און אויסגעהערט מוסר.

און דוד'ן האָט זיך געדאַכט, אַז דער באַליידיגטער הונט זאָגט צו, אַז פון היינט ביז נאָך פסח וועט ער נים פאַר-זוכען קיין חמץ און וועט לעבען בלויז מיט מצה שמורה און כשר פלייש.

— נו, גוט, נו, — האָט איהם דוד געגלעט און גע-זאָגט: וועסט שוין זיין אַ פרומער הונט.

באַלד איז דוד'ן נמאוס געוואָרען דער איבערגעבע-טענער הונט.

אין הויף איז געווען אַ בוים. דוד האָט אַ טראַכט געטון, אפשר וואָלט געווען אַ פלאַן ארויפצוקריכען אויפ'ן בוים און פון אויבען אַראָפּקוקען אויף דער ערד?

ער איז אַרויפגעקראָכען אויפ'ן בוים ביז אויף דער לעצטער צווייג, געקוקט אויף די אויסגעשטעלטע הייזער, און אויף די צוויי גלייכע שורות דעכער, און איהם האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס איז אַ מין קאַם מיט וועלכען די מא-מע קעמט די קינדער.

דאס האט איהם דערמאנט, אז די מאמע דארף איהם נאך היינט צוואגען און איהם איז איינגעפאלען צו באהאל־טען זיך פון איהר. זי האלט איהם צו לאנג ביים צוואַ־גען, גלייך ווי עס וואלטען גאר ניט געווען קיין אינטערע־סאנטערע זאכען פון וואשען און צוואגען־זיך!

איהם איז איינגעפאלען א געדאנק, אז גוט וואלט גע־ווען צו שפרינגען פון דאך צו דאך, פון דאך צו דאך ביז צום סוף פון דער לאנגער שורה. אה, ווי שען דאס וואלט געווען!

טראך! דער צווייג אונטער זיינע פיס האט זיך צע־בראכען און ער איז ארונטערגעפאלען פון בוים. ער האט זיך אנגעכאפט אן אן אנדער צווייג, האט ער זיך אויך צעברא־כען. זיין ראק האט זיך פארטשעפעט אן איינעם פון די צווייגען, האט זיך צעריסען און ער איז ארונטערגעפאלען אויפ'ן הונט, וואס איז געלעגען אונטען. דער הונט האט אנגעהויבען קווימשען.

— שווייג, פרעסער! — האט דוד אנגעשריען אויפ'ן הונט — דער מאמע וועט נאך דערהערען, וועט ער ארויס־געהן און זעהן מיין צעריסענעם ראק.

דער הונט האט אנגעהויבען דרעהען זיין עק און קו־קען אויף דוד'ן מיט רעדענדיגע אויגען.

דוד'ן האט זיך געדאכט, אז ער זאגט איהם: ועהסט, ווילדער, אט האסטו צעריסען דיין ראק.

— עס מאכט ניט, האט איהם דוד געענטפערט — נאך א ווײלע און איך וועל אנטון נייע מלבושים, און דו וועסט מיך גאר ניט דערקענען.

— קַר, קר, קר, — האט ער דערהערט דער בושלי־

כעס קול, וואס האט זיך געבויעט א נעסט אויפ'ן שכנ'ס דאך.

האט ער א טראכט געטון: „אפשר וואלט איך ארויפגעקראכען צום פויגעל און געהאלפען איהם בויען א נעסט?"

אבער איידער ער האט געהאט צייט דאס צו טון, האט איהם די מאמע גערופען, ער זאל געהן זיך וואשען און צוואגען און דאן וועט ער אנטון די נייע מלבושים, וואס דער שניידער האט איהם געבראכט.

— אוי, ווילדער, ווען האסטו דאס צעריסען דיין ראק? — האט די מאמע אויסגעשריען.

— איך האב ניט געמיינט — האט דוד אנגעהויבען שטאמלען — ביים דאווענען היינט, ביי תחנון האב איך זיך געשלאגען אין הארצען, ביז דער ראק האט זיך צעריסען.

— היינט? היינט האסטו געזאגט תחנון?

— ניט היינט — וויל דוד פארבעסערען זיינע ווער־טער — שוין לאנג...

— דוד! — האט די מאמע אויף איהם אנגעשריען — דו לערענסט זיך זאגען ליגען!

האט זיך דוד פארשעמט, און אראפגעלאזען זיין קאפ.

ער האט באקומען זיין שטראף און איז זיך געגאנגען וואשען. ער האט אנגעטון זיינע נייע קליידער און איז גע־ווארען א נייער מענש.

פון דאן אן האט זיך איהם געדאכט, אז דער חמצ'די־גער טאג האט זיך געענדיגט און אין מיטען הימעל איז אויפ־געגאנגען א פסח'דיגע זון. און דוד'ן האט זיך געדאכט, אז די זון איילט זיך, אז די ווייזערס פון זייגער שפרינגען ווי

היישעריקען און איהם טוט באנג אויף יעדער מינוט, וואס לויפט פארביי אזוי שנעל.

און אין די נייע קליידער זענען פאראן נייע קעשענעס. און ווי באוואוסט, זענען די קעשענעס געמאכט ארייצולע־גען נים אין זיי.

די מאמע האט איהם און דער שוועסטער געגעבען נים, זיי האבען זיך צעטיילט גלייך אויף גלייך, זענען ארויסגעגאנ־גען, געמאכט א גריבעל און אנגעהויבען שפילען. די שוועס־טער האט איהם דערלאנגט פיר נים און פיר האט ער גע־נומען פון זיינע, ער האט אויסגעשטרעקט איין פום פאר־אוים, האט א דרעה געטון די האנד אין דער לופטען און א ווארף געטון די נים אין גריבעל. זענען פינף ארייגעפאלען אין גריבעל און דריי לעבען גריבעל.

— אום! — האט די שוועסטער אויסגערופען מיט פרייד, און זיך א ווארף געטון צוזאמענקלייבען איהר גע־ווינס. ניט ווילענדיג האט זי אנגעטראטען אויף א נום, די נום האט געפלאצט און איז געוועזן א לעדיגע.

די שוועסטער האט אנגעהויבען וויינען: „גיב מיר אפ א פולע נום פאר דער!"

און דוד האט געזאגט: „ניין! אויב די נום איז א לעדיגע, קען מען זי ניט רעכענען. אויב אזוי, זענען לעבען גריבעל געפאלען ניט דריי נאר צוויי נים. צוויי איז א גראד, זענען די נים מיינע."

דוד האט גע'טענה'ט זיינס, די שוועסטער איהרס. האט דוד צוזאמענגעקליבען די נים און ארייגעלעגט אין זיין קע־שענע.

די שוועסטער איז אויף איהם אין כעס געווארען און אויפגעהערט צו רעדען.

דאס איז דוד'ן ניט געפעלען. ער האט זעהר ליב געהאט זיין שוועסטער תמר. ער ווייסט אויך, אז כאטש זיין שוועסטער איז קלענער, קען זי איהם היינטיגע נאכט גוט באשטראפען.

— שוועסטער — האט דוד אין א ווײַלע ארום געזאגט, — נא, — איך קען דיר שענקען וויפיעל ניס דו ווילסט נאר אליין.

אבער די שוועסטער וויל ניט קיין מתנה. זי וויל נאר ער זאל איהר אומקערען איהר געווינס און א גאנצע נוס פאר דער צעבראכענער.

— דו ביזט איינגעשפארט, בין איך אויך איינגעשפארט! ווילסטו א מתנה, וועל איך דיר געבען. אבער קומען קומט דיר ניט. די נוס איז א לעדיגע, דו אליין מאנסט אן אנדער נוס. דאס באווייזט, אז מען קען זי ניט רעכענען.

שוועסטער און ברודער זענען זיך צעגאנגען ברוגז.

אין אווענט, ווען מען איז אהיימגעקומען פון שול, האט זיך דער פאטער געזעצט צום סדר און לעבען דוד'ן האט מען געשטעלט א באזונדערע קערה. אזוי טוט ער אלע יאהר. ער זאגט צו דער מאמען, אז ער וועט זיין גוט, און דעם טאטען, אז ער וועט זיך גוט לערנען, נאר מען זאל איהם שטעלען א בעזונדער טעלער, אזוי ווי פאר א גרויסען.

דער פאטער האט קדוש געמאכט און דוד האט אויך געמאכט קדוש איבער זיין קליינער כוסע, און האט דערלאנגט זיין שוועסטער טרינקען פון זיין קדוש. אזוי האט

ער אויך פאר א יאהרען געטון. אבער דאס מאל האט די שוועסטער פארכאפט און געטרונקען פון טאטענס כוס.

דוד האט זיך געוואשען און געווארט תמר זאל איהם געבען א האנטוך, אבער תמר קוקט ניט אויף איהם.

ער גיט איהר כרפס — אבער זי וויל ניט נעמען.

— קיין מצה און מרור וועל איך ביי איהם אויך ניט נעמען — לאזט זי וויסען אין דער הויך.

— טאקע? — האט דער פאטער געפרעגט — דאס איז שלעכט! דער פרינץ און די פרינצעסין זענען צו־קריגט.

— וואס איז דאס פאר א רוגז צווישען אייך, חברה?

ביידע האבען אנגעהויבען פארלעגען זייערע טענות. די שוועסטער פארלאנגט נאך א נוס, וואס קומט איהר, און דוד זאגט: שענקען קען איך איהר אלע ניס, אבער קומען קומט איהר גאר ניט.

— פאר וואס?

— ווייל א לעדיגע נוס רעכענט זיך ניט.

דער פאטער האט ניט געוואוסט וואס צו טון און גע־זאגט: „דאס איז טאקע א שווערע פראגע. ווי קען מען צורעכענען א לעדיגע צו פולע? אבער אום יום טוב פסק'עט מען ניט קיין שאלות. נאך יום טוב וועלען מיר פרעגען דעם רב, און דערווייל בעט אייך איבער.

דוד האט אנגעשטעלט זיינע בליקען אויף דער שוועס־טער. עס האבען זיך באגעגענט פיר שענע אויגעלעך, הא־בען זיך איינע די אנדערע ארומגענומען, און דער קלאנג פון קושען האט אנגעפילט דאס צימער.

# די ניט פארענטפערטע קשיות.

אז דער קליינער שאול פלעג אנהויבען פרעגען זיין מאמען אלערליי פראגען, פלעג זי זיך אויף איהם אנבייזערן : „לאז דיינע קשיות אויף פסח צום סדר !"

און געהאט האט ער זעהר, זעהר א סך פראגען. דערפאר האט מען איהם גערופען „פלאפלער". אין אמת'ן איז ער אבער גאר ניט געווען קיין פלאפלער. פארקערט, ער פלעג גאר ליבער האבען צו שוויגען און הערען ווי אנדערע רעדען, איידער אליין צו רעדען. אפט מאל, ווען ער האט זיך געשפילט מיט זיינע חברים ביים טייך, פלעג ער פלוצים איפשטעהן, אוועקגעהן פון זיי, זיך אוועקזעצען ביים ברעג טייך, צעהלען די קנייטשען אויפ'ן וואסער און נאכקוקען די כוואליעס, וואס לויפען אוועק, אוועק. די חברים פלעגען איהם דאן אנהויבען רופען און לאכען פון איהם. אבער ער האט געשוויגען ווי ער וואלט געווען טויב און שטום. דערפאר האבען איהם די קינדער גערופען : „שווייגער."

אבער פראגען האט ער געהאט אהן א שיעור. און אז ער פלעג נאר אנהויבען פרעגען, האבען זיך די פראגען געשאטען, א פראגע נאך א פראגע. די גרויסע הערען, וואונדערן זיך, ווייסען ניט וואס צו ענטפער־ן, ציהען די אקסלען און זאגען : „ס'ארא פלאפלער דער אינגעל איז !"

דער רבי הערט זיינע פראגען און שלאגט איהם איבער מיט די ווערטער : „גלאט פרעגען קשיות הייסט זיין א נאר." און די מאמע האט ניט קיין געדולד און לעגט איהם אפ אויף „פסח צום סדר."

שאול וויל וויסען פאר וואס קומט דער ליבטיגער בליץ ארויס דוקא פון פינסטערע וואלקענס? פאר וואס זעהען זיך די גוטע שיינענדיגע שטערען ארויס דוקא אין דער פינסטער? פאר וואס האבען זיך די מענשען באזעצט אין טאל? עס איז דאך גלייכער געווען אויפצושטעלען די הייזער אויפ'ן בארג, וואו דער הימעל שפארט זיך אן אן דער ערד.

אויף די אלע פראגען קריגט ער אבער בלויז איין ענטפער: „ס'ארא פלאפלער דער אינגעל איז!"

שאול וויל וויסען: „צו וואס זענען באשאפען געווארען ארעמע לייט אויף דער וועלט?"

ענטפערט איהם די מאמע: „גאט האט ליב ארעמע לייט."

וויל ער וויסען „פאר וואס האט גאט נים געמאכט אלע מענשען פאר ארעמע לייט, ווי ער האט ליב?"

בייזערט זיך די מאמע אן אויף איהם: „וואס פאר אן אנשיקעניש איז דאס קינד. לאז דיינע פראגען אויף פסח צום סדר!"

און שאול גלויבט, אז אין דער סדר נאכט וועט מען איהם ענטפערן אויף אלע זיינע קשיות, כאטש ער פארשטעהט נים פאר וואס דוקא דאן און נים איצט. וואס האבען זיינע פראגען צו טון מיט פסח? נאר די מאמע זאגט אזוי!

זיצט שאול אוןווארט אויף דער סדר נאכט. דערווייל האלטען זיך זיינע פראגען אין איין מעהרען, אבער ער וויל שוין גאר נים פרעגען ביי דער מאמען. צו וואס אומ־

זיסט זי מוטשען. ער ווייסט דאך שוין דעם ענטפער:
„פסח צום סדר!"

און ער וואַרט און וואַרט. נאָר דאָס וואַרטען איז איהם שווער און אין האַרצען איז ער ברוגז אויף דער מאַמען. „וואָס וואָלט איהר געשאַט, ווען זי וואָלט מיר היינט, טאַקע באַלד געענטפערט אויף מיינע פראַגען?" און ער טראַכט זי פרעגען נאָר אָט די פראַגע. ער געהט צו צו דער מוטער, נעמט זי אָן ביים פאַרטוך און הויבט אָן פרעגען, אָבער ער ענדיגט ניט די פראַגע: צו וואָס דאָס פרעגען? ער ווייסט דאָך פאַראויס אַז אויך אויף דער פראַגע וועט זי איהם ענט-פערן: „וואַרט, צום סדר."

און ניט ווילענדיג וואַרט ער. און אָט איז אָנגעקומען ניסן. דער רבי האָט פריי געלאָזען די תלמידים.

שאול האָט יעצט לאַנגע לעדיגע טעג, און האָט צייט צו טראַכטען פון נאָך און נאָך פראַגען.

אום די טעג זאָלען ניט זיין אַזוי לאַנג געהט ער ארוים שפּאַצירען אין די בלאָטיגע געסלעך, און האָט הנאה פון קוקען אויף די קליינע ריטשקעלעך וואַסער, וואָס שפּאַרען זיך, יאָגען און דרעהען זיך, ווי ווילדע קינדער, ביז זיי ווע-רען פאַרשוואונדען אין איין וואַסער-פאַל וואָס פליסט אין טאָל אריין.

— וואָס יאָגען זיי זיך אַזוי, די פרעהליכע שטיפער?
— וואונדערט זיך שאול — פאַר וואָס צעטיילען זיי זיך? זיי ווילען אין טאָל אריין? זאָלען זיי זיך צוזאַמען נעמען צוויי-דריי אינאיינעם וועט זיי דאָך לייכטער זיין דער וועג!

און עס נעמט איהם אָן אַ חשק אָפּצורוקען דעם שטיין וואָס צעטיילט צוויי שטראָמען און זיי צוזאַמענגיסען.

די שטראָמען האָבען זיך באַהעפט, אויסגעמישט און געוואָרען אַ טייכעל. זיי האָבען אָבער באַלד געענדיגט זייער רוישען און פלוידערן ווי זיי וואָלטען שטום געוואָרען. פון זייער פרעהליכקייט און שטיפעריי איז קיין זכר ניט געבליבען.

„ווי קומט דאָס? זיי געהען דאָך אַלע סוף כל סוף אין טאָל אַראָפּ!"

און פלוצים פאַלט איהם איין אַ נייע פראַגע: „וואוהין געהט עס דער וואַסער-פאַל פון טאָל?"

„אודאי אין טייך אַריין" — ענטפערט ער זיך אַליין.

„און דער טייך?"

„אַלע טייכען געהען אין ים אַריין!"

„און דער ים?"

„אודאי אין אָקעאַן!"

„און דער אָקעאַן?"

„דער אָקעאַן געהט אין ירדן אַריין, און אפשר אין טייך פרת."

דאָ געפינט ער זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ נייער פראַגע: „אין ירדן צי אין טייך פרת?" צו זיינע פראַגען איז צוגעקומען נאָך איינע. און ער וואַרט און וואַרט אויף דער סדר נאַכט, ווען זיי ועלען אַלע פאַרענטפערט ווערען.

ענדליך איז געקומען דער ערב פסח. דער טאָג וואָס ציהט זיך פאַר קינדער, אַזוי ווי אַ לאַנגע הקדמה צו אַ קליין, אינטערעסאַנט ביכעל. יעדער טאָג האָט איהם געבראַכט נייע פראַגען. אָבער ערב פסח האָט שאול ניט צוגעלאָזען קיין נייע קשיות און נאָר אין זין געהאַט עס זאָל מיט איהם היינט אָוועגט ניט טרעפען דאָס זעלבע וואָס פאַר אַ יאָהרען

און פאַר צוויי יאָהרען. דעמאָלט האָט ער אַ גאַנצען טאָג ערב פסח געשטיפט, ביז ער איז שטאַרק מיד געוואָרען און פאַר נאַכט איז ער איינגעשלאָפען און אָפּגעשלאָפען די גאַנ־צע נאַכט, אפילו ניט געפרעגט די פיר קשיות. און דעם ערשטען טאָג פסח האָט ער אַ גאַנצען טאָג געשפּילט אין ניס און זיך אַזוי איינגעמידט, אַז ס'איז איהם באַפאַלען אַ שלאָף נאָך איידער דער טאַטע איז געקומען פון שול, און אַזוי איז ער אָפּגעשלאָפען אויך די צווייטע סדר נאַכט. ער ווייסט בלויז פון דער סדר נאַכט, וואָס דער רבי האָט מיט איהם געלערענט אין דער הגדה, מיט די אויגען האָט ער נאָך קיין סדר ניט געזעהן.

דערפאַר האָט ער זיך היי יאָהר געהיט. ער האָט ניט געשטיפט, ניט געלאָפען אין גאַס. ער האָט מיט זיך אַליין מלחמה געהאַלטען און זיך בייגעקומען.

און ווען דער טאַטע האָט זיך געזעצט צום סדר, און מען האָט געדאַרפט פרעגען די קשיות האָט דער קליינער שאול אָנגעהויבען ניט פון זיינע אייגענע קשיות נאָר פון די וואָס דער רבי האָט איהם געלערענט. „פריהער וועל איך אָפּצאָהלען מיין חוב דעם טאַטען — האָט דאָס קינד גע־טראַכט — און נאָכדעם וועל איך פרעגען מיינע פראַגען!"

אָבער ווען שאול האָט געענדיגט די פיר קשיות, האָט דער פאָטער איבערגע'חזר'ט דעם „מה נשתנה" און אָנגע־הויבען זאָגען די הגדה מיט אַ נגון, אָהן אַ סוף און אָהן אַן אויפהער.

שאול קוקט אויף זיין טאַטען, וויל איהם כאַפּען ביי אַן אָפּשטעל און פרעגען זיינע פראַגען. ער האָט שוין גע־נוג געוואַרט. מעהר וואַרטען וועט ער ניט! אָבער דער

טאַטע ענדיגט איין מעשה און הויבט אָן אַ צווייטע, הויבט אָן און ענדיגט, ענדיגט און הויבט אָן. איין טייל ווערט אַריינגעפּלאָכטען אין אַנדערן און דער איבערדריים ווערט אויסגעפּילט פֿון אַ געדרעהדעלטען הגדה נגון.

אָט איז דער טאַטע געקומען צו „רחצה“. שאול וויל פֿרעגען זיינע פֿראַגען, ער זעהט אָבער, אַז דער טאַטע איז פֿאַרנומען מיט וואַשען זיך, מיט המוציא און עסען מצה. ער קוקט אויפ'ן פֿאָטער צו כאַפּען איהם אין אַ לעדיגער מי־נוט. צווישען מצה און מרור האָט ער געפֿונען אַזאַ מינוט, און ער הויבט אָן פֿרעגען זיינע פֿראַגען.

אָבער דער טאַטע שלאָגט איהם איבער און ווייזט איהם מיט אַ פֿינגער אויף די ליפּען, אַז מען טאָר ניט אויסרעדען אין מיטען.

ווערט שאול דערווייל אַנשוויגען.

דער טאַטע נעמט דעם מרור, טיילט איין אַלעמען און גיט אויך שאול'ן זיין חלק. שאול זעהט, אַז דער טאַטע נעמט דעם מרור אין מויל אַריין און קייט, טוט ער אויך אַזוי.

אָבער אוי, אַן אומגליק! דער מרור איז ביטער! שאול פֿאַרגעהט זיך, ער קען דעם אָטעם ניט כאַפּען!

— וויין, וויין גיט איהם! — שרייט דער טאַטע — לאָז ער אַ זופּ טון וועט ער צו זיך קומען!

די מאַמע ציטערט און דערלאַנגט איהם וויין. שאול טרינקט און כאַפּט דעם אָטעם. אָבער ער פֿיהלט נאָך די האַרבקייט פֿון כריין, און ער טרינקט נאָך.

ער טרינקט און טרינקט, און זיין קאָפּ פֿאַנגט זיך איהם אָן דרעהען.

ווען זיין מאמע האט איהם גענומען אויף די הענט לענען אין בעט אריין האט ער קיין זאך ניט געפיהלט. ער האט נאר געזעהן, אז די סטעליע איבער איהם לאזט זיך אלץ נידריגער אראפ אויף איהם... און ווען די מאמע האט איהם אוועקגעלעגט אין בעט האט זיך די סטעליע פלוצים אויפגעהויבען און אומגעקערט צו איהר ארט... און גלעק־לעך קלינגען אין זיינע אויערן... בליצען שפרינגען... און ער זיצט אויף א בלאט און קוקט פון ירדן צום פרת און פון פרת צום ירדן... און ער זעהט גאט ווי ער זיצט און בע־שאפט די זון, לבנה און שטערען און ארעמע לייט... און אויף דער ברוסט איז אזוי שווער, מען קען דעם אטעם ניט כא־פען! און דער רבי שטעהט און שמאפט איהם מיט מרור...

שאול'ס קשיות זענען געבליבען ניט פערענטפערט, און פון דאן אן האט ער מעהר קיין פראגען ניט געפרעגט.

# לא תחמוד.*

אויף סכות נאָך האָט די מאַמע צוגעזאָגט בנימין'ען צו מאַכען איהם אַ נייעם אַנצוג. איז אָבער דער טאַטע קראַנק געוואָרען און איידער ער איז פון בעט אויפגעשטאַנען איז דער בייזער ווינטער אָנגעקומען און געבראַכט מיט זיך קעלט און שניי, און בייזע ווינטען האָבען אָנגעהויבען קלאַפּען אין די צעבראָכענע פענסטער און ברומען: „האַלץ אויף ווינטער! האָלץ אויף פייער, און שפּייז צום עסען!"

דער ווינטער האָט אויפגעגעסען דאָס ביסעל געלט, וואָס ס'איז נאָכ'ן פאָטער'ס קראַנקהייט געבליבען און בנימין'ס אנצוג איז אָפּגעלעגט געוואָרען אויף פסח.

אַ נאַקעטער איז בנימין געזעסען אַ גאַנצען ווינטער אין חדר צווישען חברים, וואָס זענען געווען אָנגעטון אין נייע וואַרעמע בגדים. אַ נאַקעטער אין שניי, קעלט און נעץ בענקענדיג נאָך די שענע מלבושים, וואָס זיינע עלטערן האָבען איהם צוגעזאָגט אויף פסח.

און דער ווינטער איז שטאַרק און שווער, זיין פאָטער איז נאָך ניט אין גאַנצען געזונט און אין הויז הערשט הונגער און נויט.

נעהט בנימין אַרויס אין הויף און געפינט דאָרט די קוה ליגענדיג אַ הונגעריגע, אַן אומעטיגע און מיט איהרע

---

*) איינער פון די צעהן געבאָט פון דער תורה אין וועלכען ס'ווערט פאַרבאָטען ניט צו גלוסטען וואָס אַן אַנדערער האָט.

גרויסע אויגען קוקט זי אויף איהם. א־ם דאכט זיך, אז די קוה וויל איהם זאגען: „בנימין! דו ביזט נאַקעט און איך בין הונגעריג! וואַרט, איך וועל האָבען אַ קעלבעל וועל איך אַנהויבען געבען מילך, די מאַמע וועט די מילך פאַר־קויפען און פאַר דאָס געלט קויפען פאַר מיר עסען און פאַר דיר אַ מלבוש."

האָט בנימין דער קוה געגלויבט, זיך געטרייסט און מיט אַ שפרונג אויף איין פוס אַריין אין הויז.

אָבער די קוה האָט קיין קעלבעל ניט געהאַט. זי איז אויסגעגאַנגען פון הונגער.

בנימין האָט דערזעהן די אויסגעצויגענע קוה אויף דרערד און זיין האַרץ איז איהם איינגעפאַלען.

נאָר דער הונט טאַנצט קעגען איהם און לעקט זיינע הענט.

דאַכט זיך בנימין'ען, אז דער הונט וויל איהם זאָגען: „זאָרג ניט, בנימין! דו ביזט נאַקעט, איך הונגעריג. נאָך אַ ווייל'ע וועט מען אַראָפּנעמען די פעל פון אונזער קוה. מיט איהר פלייש וועל איך זיך אָנעסען און די פעל וועט מען פאַר־קויפען און פאַר דאָס געלט דיר אַן אַנצוג קויפען.

איז בנימין אַריין אין הויז אַ געטרייסטער.

דער הונט האָט איהם ניט אָפּגענאַרט. בנימין איז געהאָלפען געוואָרען. זיין מאַמע האָט פאַרקויפט די פעל, פאַר דעם געלט געקויפט סחורה און אוועקגעגעבען אַ שניי־דער אויפנעהען אַ שענעם אַנצוג פאַר בנימין'ען.

די קוה איז אָבער צו שפּעט געשטאָרבען. עס איז שוין געווען ניט לאַנג צו פסח און דער שניידער האָט גע־נעהט און גענעהט אין איילעניש, ביז ער האָט זיך אַריינגע־

שטאָכען אַ נאָדעל אין פינגער, זיין האַנט איז געשוואָלען געוואָרען. אַ סך אינגלעך זענען געבליבען אָהן נייע בגדים'־לעך אויף פסח און צווישען זיי אויך בנימין.

נאָך פסח האָט דער שניידער אָפּגעבראַכט בנימין'ען דעם אַנצוג. אַ נייער, שענער אַנצוג. זיין קליין הערצעלע האָט אין איהם געטאַנצט פון גרויס שמחה. ער האָט מוחל געווען דעם שניידער דעם צער וואָס ער האָט איהם פאַר־שאַפט דערמיט, וואָס ער האָט איהם ניט געמאַכט דעם אַנ־צוג אויף פסח. ער האָט איהם געוואָלט קושען! אָבער אָנטון דעם נייעם, שענעם אַנצוג קאָן ער ניט. עס איז יעצט ספירה צייט טאָר מען ניט אָנטון קיין נייע קליידער.

איז דער אַנצוג געבליבען אויף שבועות.

ערב שבועות האָט דער קליינער בנימין דערלעבט פטור צו ווערען פון זיינע אַלטע שמאַטעס און האָט אָנגע־טון דעם נייעם אַנצוג.

איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז מיט אַמאָל גרינ־גער געוואָרען. ער פיהלט אויף זיך אַלע ווייל די נייע מלבושים. עס איז איהם שווער איינצוזיצען אין הויז, וואו קיינער זעהט ניט זיינע נייע קליידער, אָבער נאָך שווערער איז איהם אַרויסצוגעהן. ער ווייס פאָראויס אַז אַלע וועלען אויף איהם קוקען.

אויף מאָרגען, ווען מען האָט די תורה געלייענט, איז בנימין אַרויס אין הויף פון שול. זיינע חברים, וועלכע האָבען ניט זוכה געווען צו האָבען נייע שענע מלבושים אויף שבועות, האָבען איהם אַרומגערינגעלט, און איהם באַ־טראַכט. בנימין האָט זיך פאַרשעמט פון גרויס גליק און זיין קאָפּ צו דער ערד אַרונטערגעבויגען.

איינער פון די אינגלעך האט אנגעטאפט די ווארע און געזאגט:

— מיינער איז א סך שענער פון דעם!

— ער וועט זיך זיכער באלד צערייסען! — האט דער צווייטער געזאגט.

— מיין אנצוג, וואס מען וועט מיר מאכען אויף סכות, אז מען וועט דערלעבען, וועט זיכער זיין שענער און בעסער ווי דער אנצוג פון דעם שטאלצען קבצן! — האט א דריטער אינגעל געזאגט.

— און איך זאג אייך — האט דער פערטער געזאגט, און זיינע אויגען האבען געברענט פון כעס — דאס איז גאר נים קיין נייער אנצוג. דאס האט מען איהם איבערגע־נעהמ פון זיין טאטענס אלטען בגד!

אין דער מינוט האט זיך דערהערט דעם חזן'ס קול, וועלכער האט ארויסגעלייענט פון דער תורה:

„לא תחמוד! דו זאלסט נים גלוסטען!"

די אינגלעך האבען זיך דערשראקען און פארשעמט. זיי האט זיך געדאכט, אז דאס קול קומט צו זיי פון דעם בארג סיני.

האבען זיי אפגעטראטען און זיך צעגאנגען פון דעם קליינעם אינגעל, וועלכער איז געשטאנען איינגעבויגען, פארשעמט פון זיין גליק און נאכגעקלערט:

„בין איך טאקע א שטאלצער, ווי זיי האבען אויף מיר געזאגט?!"

# צוויי באַגערען.

ברוך און זרח זענען געווען צוויי גוטע קינדער און ליבע חברים. זייערע עלטערן האָבען געוואוינט אין איין דאָרף און זענען געווען שכנים. פלעגען די קינדער געהן אויף וויזיטען איינער צום אַנדערן, פלעגען עסען צוזאַמען און שפּאַצירען צוזאַמען. האָט זיי אַ פרעמדער מענש געזעהן פלעג ער מיינען, אַז זיי זענען ברידער.

אָבער אין זייער נאַטור זענען די קינדער געווען אַנ־דערש איינער פון אַנדערן. ברוך האָט ליב געהאַט צו ווי־סען אַלעס און זרח האָט ליב געהאַט אַלע זאַכען פון איהם וויסען.

די קינדער זענען אויסגעוואַקסען און האָבען אָנגע־הויבען געהן אין שולע. האָט ברוך דעם צווייטען טאָג שוין געקענט אַלע קינדער פון דער שולע און געוואוסט זייערע נעמען. און זרח'ען האָבען אַלע קינדער געקענט און אפילו די קליינע ברידערלעך זייערע פון דער היים האָבען געוואוסט זיין נאָמען.

איינמאָל האָט דער לערער געלערנט מיט די קינדער געאָגראַפי.

וואָס געאָגראַפי איז, ווייסט איהר דאָך? געאָגראַפי לערענט אונז וויפיעל שטעט און דערפער עס זענען דאָ אין יעדען לאַנד און וויפיעל לענדער אין דער וועלט, וויפיעל

ימים און טייכען, וויפיעל בערג און טאָלען עס זענען דאָ אויף דער וועלט.

זענעןביידע אינגלעך נאָך דער לעקציע אין געאָגראַפי־אָוועק טרויעריגע.

— אך — האָט ברוך געטראַכט — ווי גרויס די וועלט איז, און וויפיעל מענשען עס איז דאָ אויף דער וועלט ! די וועלט האָט פינף טיילען, אין יעדען טייל זענען דאָ אַ סך לענדער און אַ סך שטעט און דערפער, וואָס זענען פול מיט מענשען. און איך קען גאָר עטליכע הייזער פון איין קליינעם דאָרף און אַ קליין ביסעל מענשען וואָס וואוינען אין די הייזער !

און זרח האָט געטראַכט : בערעכען נאָר ! טויזענט טויזענטער זענען דאָ אין איין מיליאָן, וויפיעל מיליאָנען מענשען זענען דאָ אין איין לאַנד ? היינט אין אַלע לענדער. און זיי אַלע קענען מיך ניט, און ווייסען גאָר ניט, אַז ערגעץ אין אַ דאָרף, וואָס לעבען אַ שטאָט אין ערגעץ אַ לאַנד, איז פאַראַן אַ אינגעל וואָס הייסט זרח.

זיי האָבען אָפּגעגעסען, געגאַנגען איינער צום אַנדערן און זיך אויפ׳ן וועג באַגעגענט־טרויעריגע.

— וואָס ביזטו טרויעריג, ברוך ? — האָט זרח גע־פרעגט.

— איך בין ניט טרויעריג — האָט ברוך געענטפערט — נאָר איך טראַכט : טויזענטער מענשען רעדען איצט, לאַכען און וויינען. טויזענטער הענט טוען איצט עפּעס, און טויזענטער הערצער טראַכטען איצט אַלערליי זאַכען,

און איך ווייס ניט וואָס זיי רעדען, וואָס זיי טוען און וואָס זיי טראַכטען.

האָט זרח אַ זיפץ געטון און געזאָגט: „איך טראַכט אויך וועגען דעם. טויזענטער מענשען טראַכטען וועגען אַלערליי זאַכען און ווייסען פון אַלערליי זאַכען, נאָר פון מיר ווייסען זיי ניט!"

האָבען זיךביידע אָוועקגעזעצט און זענען געזעסען צוזאַמען אומעטיגע און געקוקט אויף די בערג, וואָס אַרום דאָרף. לאַנג זענען זיי געזעסען, דאַן זיך צעזעגענט און צעגאַנגען אַהיים.

אויף מאָרגען איז אין דאָרף אַריין געקומען אַן אָרע־מאַן. איז איהם ברוך אַקעגען געגאַנגען. ער האָט איהם געגעבען אַ שטיקעל ברויט און געפרעגט פון וואַנען ער קומט, וויפיעל דערפער און שטעט איז ער אויסגעווען, צי זענען אין זיי דאָ קלוגע לייט, און וואָס פאַר אַ גוטע זאַכען האָט ער דאָרט געזעהן? אַ סך, אַ סך פראַגען האָט ער איהם געפרעגט און געהערט פון איהם פיעלע נייע זאַכען, וואָס ער האָט ביז איצט ניט געוואוסט.

און זרח האָט באַגעגענט דעם אָרעמאַן מיט אַ שטיקעל ברויט און געבעטען:

— זאָג מיר, זיידע! איז ביי דיר אין שטאָט פאַראַן אַ אינגעל וואָס הייסט זרח?

— עס זענען פאַראַן אַ סך אינגלעך וואָס הייסען זרח.

— האָט דער אָרעמאַן געענטפערט.

— און די אינגלעך ווייסען אַז איך הייס זרח?

— פון וואַנען זאָלען זיי וויסען, אַז זיי האָבען דיך קיינמאָל ניט געזעהן און דיין נאָמען ניט געהערט? איך וועל אַהיים קומען וועל איך זיי דערצעהלען, אַז דו ביזט אַ גוטער אינגעל, אַז דו גיסט ברויט אָן אָרעמאַן, וועלען זיי דיך קענען.

האָבען זיך די אינגלעך ווידער באַגעגענט אומעטיגע. און ברוך האָט געזאָגט צו זרח'ן: „באַרעכען זרח, די וועלט איז אַזוי גרויס און אויף דער וועלט זענען פאַראַן אַזוי פיעל חכמים און וואונדערליכע זאַכען, און איך קען נאָר אונזער קאַץ אין הויז און אונזער הונט אין הויף!"

און זרח האָט אָפּגעזיפצט און געזאָגט: „די וועלט איז פול מיט מענשען, און זיי אַלע קענען מיך ניט! דו ווילסט, ברוך, לאָמיר פאַרלאָזען אונזער דאָרף און אַרום אין דער גרויסער וועלט!"

האָבען זיך די קינדער אַרויסגעלאָזען אויף דער וועלט.

זענען זיי געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט, און מיט יעדען נייעם אָרט האָבען זיי זיך זעהר געפרעהט. וווייל ברוך האָט אין יעדער שטאָט געפונען נייע מענשען, געזעהן נייע זאַכען און זיך געלערענט אַ נייע מלאכה צו פאַרדינען אויף ברויט. און זרח האָט זיך אומעטום באַקאַנט מיט נייע מענשען, און מיט פרייד האָט ער געזאָגט: „נאָך מענשען קענען מיך, רעדען אַמאָל פון מיר און דערמאָנען מיין נאָמען!"

אָבער וואָס ווייטער זיי זענען געגאַנגען אַלץ מעהר האָבען זיי פאַרשטאַנען, אַז די וועלט איז פיעל גרעסער ווי זיי האָבען געמיינט. זענען זיי ווידער טרויעריג געוואָרען

און געזאָגט: „אפילו מיר זאָלען לעבען הונדערט יאָהר, וועלען מיר ניט באַווייזען אויסצוגעהן די גאַנצע וועלט, צו זיין אין יעדען דאָרף און יעדער שטאָט און באַקאַנען זיך מיט זייערע מענשען!"

איינמאָל זענען זיי געקומען אין אַ גרויסער שטאָט אַריין. האָבען זיי געהערט אַז דאָרט איז פאַראַן אַן אַלטער מאַן מיט'ן נאָמען בצלאל, ער איז אַ גרויסער חכם און אַלע מענשען קומען צו איהם פרעגען עצות.

האָבען די אינגלעך געזאָגט: „לאָמיר אַריינגעהן צו דעם אַלטען מאַן. מיר וועלען איהם דערצעהלען וועגען אונ־זער רייזע און הערען וואָס ער וועט אונז זאָגען!"

און דער חכם בצלאל איז שוין זעהר, זעהר אַלט. ער געדענקט נאָך ווען מען האָט געפלאַנצט דעם גרויסען עפּעל־בוים וואָס איז אין זיין הויף, פון וועמעס צווייגען ער האָט נאָכדעם געפלאַנצט זיין שענעם סאָד, פון וועלכען די גאַנ־צע שטאָט האָט נאָכדעם גענומען צווייגען צו פלאַנצען סע־דער אין זייערע הויפען. און איצט זעהט די שטאָט פון וויטען אויס ווי איין גרויסער סאָד אין וועלכען עס פאַר־זינקען אַלע הייזער, אַז מען זעהט זיי פון וויטען גאָר ניט אַרויס.

און דער אַלטער עפּעל־בוים איז נאָך פריש און עס וואַק־סען נאָך אויף איהם שענע, זיסע עפּעל. ער איז דער העכס־טער פון אַלע ביימער און קוקט אַראָפּ אויף די סעדער פון שטאָט אַזוי ווי אַ זיידע אויף זיינע אייניקלעך. און אונטער

אַט דעם בוים פלעג זיך בצלאל, אין די זומערדיגע טעג, אָפּרוהען נאָך זיין אַרבייט.

און אַ ליכטיג פנים האָט דער אַלטער מאַן געהאַט. גרויסע ברעמען איבער זיינע אויגען און גלייכע שורות קנייטשען אויף זיין שטערן. און די עקען פון זיינע פאות פלעכטען זיך צוזאַמען מיט זיין ברייטער, זילבערנער באָרד, און נעמען אַרום זיין פנים ווי אין אַ ראַם. און זיינע אויגען זעהען אויס ווי צוויי טויבען אין אַ גאָלדענער שטייג. ווען מען קוקט איהם אָן באַפאַלט אַ פחד, אָבער אַז ער הויבט אָן צו רעדען ווערט דאָס הויז פול מיט פרייד פון זיין זיסען קול. ווען אַ קינד הערט איהם רעדען דאַכט זיך איהם, אַז דאָס הערט ער זיין מאַמע׳ס קול.

די אינגלעך זענען אַוועק צו דעם אַלטען, אָבער דער דינער האָט זיי ניט אַריינגעלאָזט.

— וואָס האָבען נאַרישע אינגלעך צו טון ביי אַן אַלטען חכם ? — האָט דער דינער געזאָגט.

זענען די אינגלעך געבליבען שטעהן אין דרויסען אין דער גרויסער קעלט. דאָס איז געווען אין מיטען ווינטער.

ווי זיי זענען געשטאַנען איז דער דינער אַרויס אין הויף און אַרונטערגענומען צוויי בינטלעך שטרוי פון דער סטערטע צו מאַכען דעם אויווען, און נאָך צוויי בינטלעך האָט ער אַרונטערגענומען און צוגעגרייט אַריינצונעמען ביינאַכט.

האָט ברוך געזאָגט צו זרח׳ן : „לאָמיר זיך באַהאַלטען אין די בינטלעך שטרוי און ביינאַכט, ווען אונז דער משרת, ניט וויסענדיג, אַריינגעמען צו דעם אַלטען אין הויז אַריין.

די עצה איז זרח'ן געפעלען. האָבען זיי זיך באַהאַלטען אין די בינטלעך און געלעגען דאָרט אַ גאַנצען טאָג.

אַ גאַנצען טאָג האָט דער הונט געבולען און דער דינער האָט זיך געוואונדערט, וואָס דער הונט בילט היינט מעהר ווי אַלע טאָג.

ער האָט ניט געוואוסט, אַז דאָס בילט ער אויף די אינגלעך. —

פאַרנאַכט האָט דער דינער גענומען די צוויי בינט־לעך שטרוי און אַריינגעטראָגען אין הויז צו מאַכען פייער. טראָגענדיג די בינטלעך האָט ער זיך געוואונדערט, וואָס זיי זענען שווערער פון אַלע אַנדערע בינטלעך.

ווען ער האָט די בינטלעך אַוועקגעלעגט לעבען אויווען, זענען די אינגלעך אַרויס פון זייער באַהעלטעניש און זענען צוגעגאַנגען צו דעם אַלטען חכם.

ווען די אינגלעך האָבען אויף איהם אַ קוק געטון האָבען זיי זיך זעהר דערשראָקען און האָבען ניט געקענט אַ וואָרט אַרויסרעדען. נאָר דער חכם האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען, אַ קוק געטון אויף די אינגלעך און געזאָגט:

— וואָס פאַרלאַנגט איהר, קינדער?

ווי די אינגלעך האָבען דערהערט דעם אַלטען'ס קול איז זייער הארץ פול געוואָרען מיט פרייד, ווייל יעדען פון זיי האָט זיך געדאַכט, אַז ער הערט זיין מאַמע'ס קול.

האָט יעדער פון זיי דערצעהלט דעם חכם זיין פאַרלאַנג.

האָט דער אַלטער געשמייכעלט און געזאָגט: „דאָס

ליכט צעטרייבט די פינסטעריש פון דער נאַכט, און דער פריה-מאָרגען ערקלערט די רעטענישען פון דער פינסטער־ניש! נעכטיגט דאַ איבער היינטיגע נאַכט, און מאָרגען וועל איך אייך זאָגען וואָס צו טון."

האָבען די אינגלעך געגעסען וועטשערע מיט דעם אַל־טען חכם און זיך געלעגט אויף די בעטען וואָס דער דינער האָט פאַר זיי אויסגעבעט, און זיי זענען איינגעשלאָפען.

ביינאַכט האָט ברוך אין חלום געזעהן אַ בוך וועמעס בלעטער זענען ניט פון פאַפיר, נאָר פון — הערצער. יעדער בלאַט איז אַ הארץ פון אַ מענשען.

און זרח'ן האָט זיך גע'חלום'ט, אַז ער שטעהט אין אַ גרויסער פינסטערניש, מיט אַ ברענענדיגען ליכט אין האַנט, און אַרום איהם זענען אָהן אַ שיעור מענשען. אַלע זעהען איהם און ער זעהט קיינעם ניט.

אין דער פריה האָבען ביידע דערצעהלט דעם אַלטען זייערע חלומות.

דער אַלטער האָט געשמייכעלט און האָט אַנגענומען ברוך'ן ביי דער האַנט, ער האָט איהם צוגעפירט צו דער ביכער שראַנק.

— זעהסט אָט די ביכער אין דעם שראַנק? — האָט דער אַלטער געזאָגט — יעדער בוך איז אין אמת'ן אַ הארץ פון איין גרויסען חכם אויף דער וועלט. וואָס דער חכם האָט נאָר געזעהן מיט זיינע אויגען און געקלערט אין זיין הארץ, האָט אריינגעשריבען אין זיין בוך. אויב די ווילסט קענען די וועלט און אַלע איהרע חכמים, לערן אָט די ביכער און דו

וועסט נים דאַרפען אַרומוואַנדערן פון דאָרף צו דאָרף און פון שטאָט צו שטאָט.

און זרח'ן האָט ער געזאָגט : „אויב די ווילסט די גאַנצע וועלט זאָל פון דיר וויסען, לערן אָט אין די ספרים און ווער קלוג. אפשר וועסטו אויך אמאָל ווערען אַ גרויסער חכם, וועסטו שרייבען ביכער, וועלען די מענשען זיי לעזען און זיי וועלען קענען דיין נאָמען.

זענען די אינגלעך געבליבען ביי'ם אלטען אין הויז. ער אליין האָט זיי געלערנט תורה און חכמה. זיי האָבען זיך פלייסיג געלערענט און זענען אַרויסגעוואַקסען גרויסע חכמים.